יודל יאָפע

# ארטשיק ברוק

דערציילונג פאר קינדער




פארלאג „עמעס“, מאָסקווע 1934

Printed in Soviet Union

ער איז נאָך גאָר א קלייגינקער געווען, אר׳טשיק ברוק, ווען טאַטע־מאמע, ער מיטן קליינעם שוועסטערל זיַנען געפאָרן קיין אמעריקע. נאָר ווען מע האָט זיך באַדארפט זעצן אפ דער שיפ, האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דאָס שוועסטערל כיענע ב״וק האָט ווייכע ביינער אין די פיסלעך. גיין אפ די פיסלעך וועט זי ניט קאָנען און אין אמעריקע לאָזט מען אזעלכע ניט אריַין. די מאמע האָט געוויינט, געבעטן זיך: — זי איז נאָך גאָר א קלייבינקע, כיענע, זי וועט זיך פאנאנדערגיין. כיענע איז געווען זייער א שיינינקע: א בלאָנד קעפעלע האָט זי פארמאָגט מיט געקריַזלטע הערלעך. א פול, רונד פּענעמל, ווו א קליין מיַלכעלע האָט זיך באהאלטן, בלויע קינדערשע אויגעלעך האָבן זיך פארטערערט, נאָר עס האָט גאָרניט געהאָלפן. די מאמע מיט זיי ביידן האָבן זיך געמוזט אומקערן צוריק אהיים. נאָר דער טאטע, לייבעלע ברוק, איז אוועקגעפאָרן מיט דער שיפ קיין אמעריקע.

אָט פון דעמלט אָן איז ארטשיק געוואָקסן אָן א טאטן, געוואָקסן באַם פעטער נאָטע אייניקלדער. די יונגע מאמע האָט איִרע הענט אָפּגעלאָזן, אָנגעהויבן קרענקען — און טאקע אין א פּאָר יאָר ארום געשטאָרבן באַ דעם פעטער ארן אף די הענט.

דער פעטער ארן האָט געוווינט אין כאימל ווייניקס הויף, וואָס איז געווען באוווסט ניט נאָר אין שטאָט, נאָר אין גאנצן ארום. פון יענעם הויף האָבן זיך אין פריִען פרילינג ארויסגעלאָזן אף דער וועלט אלערליי קונצנ-מאכער, טענצער, שפּרינגער, זינגער און שפּילער מיט פּויקן, מיט טאצן, מיט פּײַקלעך און דעריקער — מיט קא-טערינקעס, מיט אויסגעקראָכענע אויסגעמאָרעטע פּאָפּוגײַען און ווײַסע מײַז אין קעסטעלעך, וואָס פלעגן צ׳ען מאזל-צע-טעלעך. אָט די אלע האָבן אונטערגעהונגערט אין די כאָרע-ווע הייזלעך מיט די קרומע פענצטער, מיט גרינע קאָסע שײַב-לעך, וואָס פלעגן אָנגעוואָקסן ווערן מיט פראָסט, צוזאמען מיט די טירן, מיטן וואסער און פרירן. פרירן פלעגן אויך מענטשן און דעריקער קינדער. געוואָקסן איז באַ אלע אײַנ-ווינער דער כויוו פון דירע-געלט און אלץ, וואָס עמעצער האָט געהאט צו פארקויפן, פלעגט עס גיין צום באלעבאָס פון הויף כאימל ווייניק. באימל ווייניק פלעגט זיי אויך עפּעס באָרגן, אזוי, אז די אלע מענטשן האָבן זיך אין לעבן ניט אויסגעצאָלט כאימען און ער פלעגט נאָר שרײַען: ווײַ-ניק!

אלץ איז אים ווייניק געווען, כאימען. און דער קארק האָט זיך באַ אים געדראפּעט אף דער פּאָטיליצע, א רויטער קאָפּ אָן האָר, הוילע ברעמען און א גאנצער לייטער גוי-דערס מיט שיטערן געוויקס. אָבער דער פעטער בויך האָט

ניט געשטערט אַז דעמ ייִדנ זײַנ א גאנצנ טאָג אפ די קלײַ־
לעכיקע פיס, לויפנ פונ איינ רײַכנ צומ צווייטנ נאָכ דירע־
געלט, נאָכנ כּיוו, נאָכ פּראָצענט. אינ הויפ האָבנ אויכ גע־
וווינט שוסטער, שנײַדער, קירזשנער, באַלעגאָלעס אונ
שמידנ. אָרעמ איז דאָ געווענ אונ הונגעריק.

אָט אינ דעמ הויפ האָט געוווינט דער פעטער נאָטע
אײַנבינדער. ער איז געווענ הויכ אונ מאָגער מיט א בלאָנדנ
קאָפ האָר, א בלאָנד בערדל, מיט אויגנ בלויע, ווייכע, גוטע,
ווי בא א קינד, וואָס האָבנ אַלעמענ באַגריסט אונ אַלעמענ
געשמייכלט. זומער האָט ער געפאַרבט דעכער, געשפּאַלירט
הײַזער, געפאַרבט דילנ אונ פענצטער. ווינטער האָט ער
אײַנגעבונדנ ביכער. נאָר פונ די אַלע פאַרנאָסעס איז אימ
אַליינ קנאַפ געווענ אַפ דורכצולעבנ, ווײַל ער איז געווענ
א שוואַכער מענטש, מיט שוואַכע לונגענ, א גרויסער
הוסטער. איצטער האָט ער געהאַט אפ זיכ צוויי קינדער —
אַרטשיקנ אונ כיענעג. דער טאַטע לייבעלע ברוק האָט גע־
שריבנ שלעכטע בריוו. דערנאָכדעמ האָט ער געהאַט גע־
שיקט א פאָר מאָל צו עטלעכע דאָלער אונ פאַרשוווּנדנ
געוואָרנ, פאַרפאַלנ געוואָרנ. ניטאָ קיינ טאַטע.

דער פעטער נאָטע האָט די קינדער ליב געהאַט. גע־
האָקסנ זײַנענ די פּיצעלעכ מיט אימ ווי כאַוויירימ, דערי־
קער האָט זיכ דער פעטער מיט אַרטשיקנ פאַרנומענ,
געמאַכט אימ אַלערליי שפּילעכלעכ, פײַפעלעכ. אַליינ
האָט דער פעטער ליב געהאַט לייענענ ביכער אונ ער
האָט זיי געהאַט זייער א סאַכ. דאָס הײַזל מיט די אויס־
געבײַכיקטע ווענט האָט זיכ ווי אָנגעשפּאַרט אפ די פּאָלי־
צעס ביכער מיט צײַטונגענ אונ זשורנאַלנ. אהער אינ שטוב
פלעגנ קומענ שוסטער, שנײַדער אונ נאָכ אַנדערע פאַר־

שײַדענע מענטשן פלעגן אהער קומען בישטיקע. ערגעץ פון א לאָך פלעגט נאָטע ארויסגראבלען א דינינקן בײַ־כעלע אָדער גאָר בלעטלעך און מיט א פארבאפטן אָטעם פלעגט מען עס ארײַנרוקן אין בוזעם ארײַן און פארשווונדן ווערן מיטן גרויסן, גרויסן סאָד אין די נאכט־שאָטנס ארײַן. שפעטער האָט זיך ארטשיק דערוווסט, אז די בלעטלעך הייסן „איסקרא", אז דער פעטער נאָטע פלעגט אויסבאַהאלטן אומלעגאלע ליטעראטור. אָבער ער אליין, אָט דער פעטער, האָט צו קיין אָרגאניזאציע ניט געהערט.

2

ס'איז געווען פארן פינפטן יאָר. ארטשיק איז שוין דאן געווען אלט א יאָר זעקס. ער האָט שוין אויך געוווסט דעמלט, אז ערגער פון דעם קורנאָסן פריסטאוו איז ניטאָ אפ דער וועלט: ער ארעסטירט, ער שמײַסט, ער רײַסט פאסן. דער פעטער נאָטע האָט זיך געיאָגט אין א פרײַמאָרגן אופגעהויבן. אָנגעטאָן און איז אוועק פון שטוב. באם פאָליציי־צירקל האָט ער אָפגעוואַרט דעם קורנאָסן פריסטאוו און צוויי מאָל אין אים ארײַנגעשאָסן פון א רעוואָלווער. אָבער ביידע מאָל קימאט פארבײַ. די קראנקע הענט האָבן זיך בא אים געטרייסלט און איין קויל האָט נאָר פארוווּנדעט דעם פריסטאוו אין האנט. ער אליין, נאָטע, איז א געכאלעשטער דאָ אומגעפאלן. אזעלכן האָט מען אים אוועקגעפירט אין טורמע. און כיענע מיט ארטשיקן זײַנען געבליבן אליין.

א שײַנער זעלטענער זומער איז דאן געשטאנען און אין ווייניקס הויף איז געווען זייער פרײַלעך. פארנאכט פלעגן זיך אופזאמלען די אלע קונצנמאכער, וואָס האָבן

זיך אין די פּאַכוועס געשטאָכן מעסערס און פון מויל גע־
צויגן אַלערליי קאָלירן סטענגעס און געשלונגענע צוריק
געברענטע קלאָטשעס. אָט אָ דאָ פליגן אין די פאַרנאַכטן
פּאַרק מען די גרויסע רעפּעטיציעס, די פולע קאָנצערטן.
עס פלעגט זיך באַווייזן אַ מענטש מיט אַ גרויסן פויק אַף
דער פּלייצע, אַף וועלכער עס האָבן זיך געבאַמבלט צוויי
מעשענע טאַצן. פון די טאַצן האָט זיך געצויגן אַ שטריקל,
צוגעטשעפּעט צום אָבצאַס פון שטיוול. באַם עלנבויגן פון
דער לינקער האַנט איז געווען צוגעבונדן דאָס פּויקן-שטעקל
מיטן גראָבן קעפּל. און דאָס צווייטע שטעקל אין דער
רעכטער האַנט. אַפן קאָפּ האָט ער געהאַט אַ מעשן
היטל מיט גלעקעלעך, אין מויל אַ פּײַפל און אַף אַזאַ אויפן
האָט ער זיך געלאָזן מיטן גאַנצן גוף טאַנצן, וואַרפן מיט
די הענט, טרייסלען מיטן קאָפּ און דער פּאָנעם איז אים
אָנגעדראָלן געוואָרן, די אויגן אַרויס און אַרטשיק
האָט זיך אײַנגעגעסן מיט די אויגעלעך אין אָט דעם פריי־
לעכן מענטשן און אַליין זיך געלאָזן טאַנצן און קוליען
אַזוי קונציק, אַז גאָר גיך האָט ער אויסגענומען באַם אוי־
לעם, און ער, אַפילע כינעקע מיט די ווייכע פּיסלעך איז
אויך אַוועק צווישן די אַרטיסטן. מיט אַ פּײַקעלע אין האַנט
האָט זי זיך אַף די פּיסלעך פלינק געקאַטשעט. איר האָט
מען מער מאַטבייעס געוואָרפן, ווי עמעצן אַנדערש. אַפילע
פון די פענצטער פון די אויבערשטע עטאַזשן האָט מען איר
געוואָרפן געלט. אַף אַזאַ אויפן זײַנען די צוויי הײמלאָזע —
אַרטשיק און כינע — געוואָרן זעלבשטענדיקע מענטשן.

דעם פעטער נאָטע האָט מען ניט צעשאָסן. מע האָט,
אין שטאָט אײַנגעאָרדנט אַ סאַך מיטינגען, פּראָטעסטן
איינמאָל האָט מען אַפילע געצווונגען די קרעמער פאַר־

מאכן די קראָמענ און עס האָט זיך באַקומען קלומערשט,
אַז אַ גאַנצע שטאָט פּראָטעסטירט. מע האָט אים געלאָזן
לעבן. אין פינפטן יאָר האָט מען אים אַמניסטירט און ער
איז צוריק אַהיים געקומען, שטאַרק צעבראָכן. אַרבעטן
האָט ער שוין ניט געקאָנט. און כאָטש אים איז געווען
זייער פּריקרע, וואָס די קינדער האָבן זיך אַרומגעשלעפּט
מיט די קאַטערינשטשיקעס, מיט די אַלע לומפּן, האָט ער זיי
העלפן געקאָנט ווייניק. זיינען זיי געגאַנגען זומער פאַר־
ברודיקט, פאַרקוויטיקט ביז לעצט און ווינטער קאַלטע און
הונגעריקע אָט אָ דאָ אין כאַימל ווייניקס הויף.

3

אַרטשיק איז שוין דעמלט אַלט געווען ניין יאָר. אַ הויי־
כער, אַ מאָגער יינגל מיט קוילן־שוואַרצע אויגן, אַ שמאָ־
לער פּאָנעם ווי בײַ אַ פויגל. שאַרף און שפּיציק די נאָז
און די גאָמבע אַ שאַרפע און אויסגעצויגענע. שוואַרצע,
ברודיקע האָר זיינען געקראָכן פון גרויסן פאַרשמאָלצע־
וועטן היטל. אויפן גאַס איז געלעגן אַ שטאַרקער ווינטער,
וואָס האָט טרוקן געגליווערט און מיט פראָסט געפאַרבט
אַ פערדישע מאָרדע, אַ מענטשלעכע באָרד. פאַרנאַכט איז
אַרטשיק געגאַנגען איבערן פוסטן מאַרק, געשלאָנבערט
אין צוויי גרויסע לעדערנע סקראַבעס, אויף די אַקסלען איז
אים געהאַנגען אַן אַלטע ווייבערשע קאָפּטע, פון וועלכער
עס האָבן ווי ברודיקע ציגענע בערדלעך געבאָמבלט זיך
שטיקער וואַטע, נאָר קיין קעלט האָט ער ניט געפילט,
ווייל מיט אים גלייך איז געגאַנגען אַ הויכער שטאַרקער
יונג, שייעלע פערדמאַן, לייבעלע ברוקס אַ שוועסטערקינד.
~~געקוקט האָט~~ ער, שימעלע, מיט צוויי קאָטע אויגן אויף דער

שטאָט אונ גערעדט אזעלכע מאָדנע טשיקאווע רייד,
וואָס האָבנ ארטשיקנ געבריט איבערנ גאנצנ גופ:

— הער אויס, יאַט, ווענ איכ בינ געווענ אינ דײַנע יאָרנ, האָב איכ שוינ לאַנג געוווסט ווי צונעמענ א פערד פונ מארק, אז א פויגל זאָל ניט וויסנ. דו זעסט, ארטשיק, דאָרטנ, נעבנ פאָראָשאָנאָקס שענק שטייענ א פאָר פײַנע פערד מיט א שליטנ, דאָס איז דעמ לאָסינאָווקער פאָרעצס פערד. ער פאָרט שטענדיק אָנ א קוטשער אונ איצט קאָנ ער זײַנ דאָרטנ אינ שענק לאָט שיקער. קוק, אפנ מארק איז דאָכ ניטאָ קיינ מעשוגענער הונט. איז גיי אונ צי אָפ די פערד־לעכ אינ אָטשערעט ארײַנ, באהאלט זיי אונ לאָז עס זײַנ א גוטער פאָטשאטעק.

אינ שענק איז געווענ פריילעכ אונ טומלדיק, א האר־מאָשקע האָט געשפילט אונ דער פאָרעצ האָט געטאנצט. נאָר ראפטום האָט ער זיכ דערמאָנט:

— די פערד, אונ איז ארויס אפנ גאס פונקט דעמלט, ווענ ארטשיק האָט זיכ א זעצ געטאָנ ארײַנ אינ שליטנ אונ א צי געטאָנ די לייצעס. די פערד האָבנ זיכ ניט גערירט פונ אָרט, ווי זיי וואָלטנ זיכ ניט וועלנ אָנטרויענ אזא שנעק. האָט דער שנעק זיי דערלאנגט מיטנ בײַטש אונטער די בײַכער אונ פערד האָבנ זיכ געלאָזנ טראָגנ. פונ הינטנ האָט מענ געשריענ, געיאָגט, נאָר אומזיסט. אלע קוילעס זײַנענ דערנאָכ פארשטומט געוואָרנ, די שליטנ־גליטשער, ווי די פערדישע פאָדקאָוועס האָבנ מיט פײַער געפונקענ אינ דער הייכ. ס'איז אויסגעשפרייט געלעגנ א פראָסטיקע, אויסגע־שטערנטע נאכט, אנטקעגנ האָט זיכ געשווארצט דער טײַכ מיטנ הויכנ אָטשערעט. ארטשיק האָט הינטנ ארומ ארײַנ־געפירט די פערד מיטנ שליטנ, מיט די לייצעס פארפענ־

טעט זיי די פיס, אָנגעטאָנ זיי אפ די קעפ די טאָרבעס האָ־
בער אונ איז אוועק באגעגענענ שימעלענ.

דערנאָכ איז אוועק א ווינטער קימאט א זאטער, כיענענ פלעגט ער אויכ אונטערזוקנ א בייגל. ער האָט אפילע איינ־מאָל צוזאמענ מיט שימעלענ געגעסנ אָוונט־ברויט בא דער שיינער האפקע לאָבאָדא, שימעלעס קאלע. ער האָט דאָרט געזעכטיקט, געשלאָפנ אפ א גוטנ מאטראצ מיט א פעלצ צוגעדעקט. נאָר באנאכט איז געקומענ פאָליציי אונ צוגענומענ שימעלענ צוזאמענ מיט אים. מע האָט אים, ארטשיקנ, דאָרט געהאלטנ א פאָר טעג אונ ארויסגעלאָזנ מיט אונטערגעשלאָגענע אויגנ, מיט א צעביילט פאָנעמ. אָבער ער האָט איבּ אלצ געלייקנט שטיינ אונ ביינ...

4

יענעמ פרילינג איז געקומענ אינ שטאָט נאָכעמ מינדלינ. עפּעס האָבנ זיכ מיט זײנ קומענ געוומענ טראָגנ סוידעס אינ הײזל באמ פעטער נאָטע. אליינ נאָכעמ איז געווענ אזוי סוידעסדיק, ווי דאָס קומענ זײנס. כאָטש ער איז געווענ א גרויסער, א שטארקער מענטש, מיט א פול רונד פאָנעמ, נאָר די אויגנ פארדעקט מיט אש־קאָלירענע ברילנ אונ אזוי פארדעקט, אז עס איז שווער געווענ אפ געוויס זאָגנ פונ א ווּעלכנ קאָליר זיי זײנענ.

א פרילינג־נאכט האָט זיכ אפנ שטאָט אָנגערוקט מיט קילקײט, מיט פײכטקײט. די ערד איז געווענ גליטשיק. אהינצו ווײטער פונ שטאָט צומ טײכ־צר מיטנ אָטשערעט, ווו ארטשיק האָט געהאט אָפּגעשטעלט די ערשטע פונ מארק גענומענע פערד, דאָרטנ זעענ זיכ גאָר קיינ פײערנ ניט. דאָרט פרעסט א טונקעלע נאכט אפ אלצ. שלײכנ

דאָרטנ שאָטנס, מענטשלעכע שאָטנס. אָט ווערנ זיי צוויי, אָט ווערנ זיי אײנציק און ווידער ווערנ זיי פארשווונדנ אהינצו, אונ גאָר אינ טיפער פינצטערניש בלאָנקעט א שײַנ, אנ עלנטע שײַנ פונ א לאָדנ-שפארונע. אהינ ציִענ זיכ שאָטנס פונ מענטשנ אונ הינטער אלעמענ אויכ ארטשיק.

א פול געפאקט שטיבעלע. עס רעדט נאָכעמ. אזא אָנגענעמ קאָל איז בא אימ, אזא שטרענגס אונ אזא איבערצײַגנדיקס. ער, ארטשיק, באקומט אימ ליב. ער איז דער מאמעס א לײַבלעכער שוועסטערקינד. איז פארוואָס זאָל דאפקע נאָטע, אזא שלאפער, אזא גוטער אפ אימ אָנפאלנ מיט אזא היצ. ער, נאָטע, וויל מער ניט קיינ ווערטער: אָרגאניזאציע, אונטערערד, באָלשעוויזמ, מענ-שעוויזמ. ער, נאָטע, וויל נאָר אונטערלייגנ דינאמיט אונ אופרײַסנ די גימעכע וועלט.

שמייכלט ער אזוי שטרענג, נאָכעמ, אונ רופט דעמ פע-טער אָנ קליינבירגערלעכער היצקאָפ, אנארכיסט, טעראָ-ריסט. די נימעסע וועלט קאָנ מענ מיט דעמ אלעמ ניט אומוואלגערנ. נאָכעמס ווערטער שלאָגנ איבער די קעפ, גלִענ ווי זודיקע קוילנ. מע שרײַט, מע רײַסט זיכ, נאָר ארומ נאָכעמענ וואקסנ איִס א סאך כאוויירימ. ער קאָנ זיי, ארטשיק. דאָס זײַנענ ארבעטער פונ פעטראָווס מא-שינ-טעכנישנ זאוואָד, פונ סטאָליער-פאבריק, שנײַדער אונ שוסטער. אלע, דאכט זיכ, זײַנענ זיי מיט נאָכעמענ אונ צוריק פונ הײַזל גייט מענ שוינ אינ פאָרלעכ, צו דרײַענ אונ דאָרטנ, ווו די גאס-לאמטערנ לײַכט מיט ווײַסנ ליכט, בלײַבט נאָכעמ איינער, לויפט ארטשיק פאָרויס נאָכעמענ אונ גיט אימ ראפטומ א זאָג ארײַנ:

— איר ווערט הײַנט נעכטיקן באַם פעטער נאָטען?

נאָכעם האָט זיך אופגעכאַפּט פון זײַנע געדאַנקען, מיט פאַרכידעשטע אויגן אים אָנגעקוקט.

— ווער ביסטו, ייִנגעלע? וואָס דרייסטו זיך אַזוי שפּעט אַרום אין גאַס?

— איך בין לייבעלע ברוקס, איך בין שוין גאָרניט אַזאַ קליינינקער, איך קאָן שוין אַליין אַראָפּפירן אַ פּאָר פערד פון מאַרק.

בא נאָכעמען האָבן דעמלט די ברילן געטאַנצט אויפן נאָז פון פאַרדראָס אויף נאָטען, וואָס האָט אַזוי אָפּגעלאָזן דאָס ייִנגל.

— דו ווערסט פאָרן מיט מיר? — האָט ער אַרטשיקן געפרעגט, האַלטנדיק אים באַם הענטל. קום מיט מיר, איך וועל דיך מאַכן פאַר אַ סטאָליער. ווערסט ווערן אַן עמעסער באַוווּסטזיניקער אַרבעטער. ס'איז מיִעס, ס'איז העסלעך צו שלעפּן פערד פון מאַרק.

איז אַדעראַבע, פאַרוואָס ניט פאָרן? ער, אַרטשיק, האָט שוין לאַנג כיישעק אַ פּאָר טאָן. ביפראַט, מיט אַזאַ נאָכעמען פאָרן. ניין, אַרטשיק וועט זיך פון אַזאַ גוטער זאַך ניט אָפּזאָגן. גרייטן זיך לאַנג האָט ער ניט באַדאַרפט. קליידער און גרעט פאַרשפּאָרט צו פּאַקן. עס האָט געפעלט אַ העמד אויפן לײַב, אַ פּאָר שיך אויף די פיס. עס איז ניט געווען בא אים קיין גאַנץ אָרט אין די הייזלעך, און נאָכעם האָט געמוזט אַ שאַר טאָן אין זײַנע מאָגערע קעשענעס און קויפן אים אַ שטיקל אָנטאָן, און אין אַ וואָך אַרום, ווען נאָכעם האָט אָפּגעטאָן זײַן פּאַרטייִשע אַרבעט, האָט ער פאַרכאַפּט מיט זיך אַרטשיקן און אַזוי שטיל און אומבאַמערקט אַוועק, ווי געקומען.

א גרויס, א נייַ לעבנ און ער, ארטשיק, איז ארייַנ אינ לעבנ איבערנ האלדז.

זייַנ גרויסער כאווער נאָכעמ האָט שוינ געהאט א טאָכטער. קימאט אינ זייַנע יאָרנ. נאָר דאָכ האָט ער זיכ צו ארטשיקנ באצויגנ כאָטש שטרענג, אָבער כאוועריש.

אינ דער גרויסער סטאָליער־פאבריק, וואָס געהערט דעמ דייַטש מאטוסעוויטש, ארבעט מענ ווייַסע אר־בעט—ראמענ, טירנ און אויכ פארשיידנ מעבל. שטייט ארקע מיט נאָכעמענ בא דער הובל־מאשינ און אז ער לייגט אוועק זייַנע הענט אפ דער הילצערנער לייַסט, וואָרנט אימ נאָכעמ:

— קוק, ארטשיק, אינ הובל ארייַנ, העכער די הענט, די דלאָניעס פונ אויבנ, היט די פינגער. קוק מיט אויגנ אינ דער מאשינ. די מאשינ האָט ליב, אז דו ארבעטסט בא איר, זאָלסטו זי זענ.

דער הובל הובלט און וואָרנט:

— ארקע, היט די פינגער, ארקע, היט די פינגער.

און עפּעס א ווארעמקייַט צעגיסט זיכ אינ זייַנע ביינער. און אז מאטוסעוויטש, דער פאבריקאנט, רייַסט זיכ ראפּ־טומ ארייַנ אינ פאבריק און מיט האנטשנ אפ די הענט פאָכט ער, באפוילט און זידלט, ווייס שוינ ארקע, אז אָט די אלע הונדערטער ארבעטער ארבעטנ אפ צו באזאָרגנ מאטוסעוויטשנ מיט בריליאנטענע רינגענ, מיט האנטשנ, מיט לאקיר־שיכ, מיט זעלטענע אָנצוגנ און אלדאָס גוטס, און פאר זיכ פראצעווענ זיי אויס א קארג לעבנ, א האלב הונגעריקס. ווייס ער אויכ, ארטשיק, אז מאטוסעוויטש איז

ניט איינער, אז עס זײַנען דאָ פיל מאַטוסעוויטשעס און אויך פיל אַרבעטער. נאָכעם איז איינער פון די, נאָכעם איז א באַלשעוויק. ברומט דער מאָטאָר, הובלט, הובלט און וואָרנט:

— היט, אַרטשיק, די פינגער, די הענט, מער ווי הענט האָסטו ניט צו פאַרקויפן מאַטוסעוויטשן. דו ביסט א פּראָלעטאַריער, אַרטשיק.

עס זײַנען געגאַנגען יאָרן. אין איינעם א טאָג האָט זיך אין סטאָליער־פאַבריק א טומל אויפגעהויבן. אין מיטיק־שאָ, ווען עס שטומען מאָטאָרן, מאַשינעס, האָבן אַרבעטער זיך אין קרײַזלעך געזאַמלט, געלייענט, גערעדט, דערציילט וועגן לענער געשעענישן. אַרבעטער האָבן זיך געהיצט, געקאָכט, מונטער געוואָרן. מאַטוסעוויטש איז אַרײַן אין פאַבריק אין שפּאָגל־נײַעם אָנטאָן מיט די לאַקירטע טופל, וואָס האָט פון אים געשריען: איך, מאַטוסעוויטש, בין אײַער האַר, וואָס קאָן אײַך אויפדרייען אין א בייגל. די גאַנצע אָנגעזאָדנקייט אפן אַרבעטער־האַרץ האָט אַרויסגעשפּאַרט אינדרויסן. אין יענעם טאָג, ווען מאַטוסעוויטש האָט דערפילט, אז אַרבעטער זײַנען אויפגערעגט, האָט זיך זײַן האַרץ אָנגעגאָסן מיט צאָרן, ער האָט געוואָלט קילן זײַן זודיק האַרץ, דאַפקע אין איזדיעקעווען זיך איבער די בעסטע אַרבעטער.

— דו פאַרטאַטש, שטיי! וואָס טוסטו, אָט אַזוי לאָזטו צו א קאַרניזל, א טעסלער וועט דאָך עס מאַכן בעסער— האָט זיך מאַטוסעוויטש געווענדט צום אַרבעטער הענעך, אָנכאַפּנדיק אים פאַרן האַנט, ווי א יינגל.

הענעכס פּאָנעם האָט זיך אָנגעשטרענגט און מיטאַמאָל אויסגעזאָגן:

— באַ־באַ־באַ דײַנע טאַטנס האָסטו קײנמאָל בעסערס ניט געזען!

. דאַן האָט זיך מאַטוסעוויטש געלאָזט רײַסן באַ אים פֿון די הענט דאָס קאַרניזל, דאָס געצײַג.

אַלעמענס בליקן האָבן זיך אויסגעקעריוועט צום גע־ראַנגל צווישן מאַטוסעוויטשן מיט הענעכן. פּלוצלינג האָט עמעצער אויסגעשריגן:

— אַ טאַטשקע דערלאַנגט! שפּרינגט אַרטשיק דער ער־שטער, דערלאַנגט אַ טאַטשקע און אַרבעטער זעצן מאַטו־סעוויטשן אין טאַטשקע אַרײַן און פֿירן אים מיט כּיזעק פֿון פֿאַבריק אַרויס. און ביז פּאָליציי קומט, דערקלערן אַרבעטער אַ שטרײַק און פֿאַרלאָזן די פֿאַבריק.

6

דער שטרײַק איז געווען אַ שווערער, אַ לאַנגדויערנ־דיקער, און אַרטשיק האָט שוין דעמאָלט פֿאַרשטאַנען, וואָס הייסט קלאַסנקאַמף. אײנמאָל, ווען אַרטשיק איז געשטאַנען אַלס פּיקעט ניט ווײַט פֿון פֿאַבריק, אויסגעקוקט, צי קומען ניט אָן שטרײַקברעכער, איז צו אים צו אַ פֿײַנער פּעטערל און זײער ליבלעך אים געפֿרעגט:

— וואָס שטייסטו דאָ, באָכערל? און ניט געוואַרט אַף קײן ענטפֿער, האָט ער אים ווײַטער געזאָגט — קערסט זײַן אוואדע הונגעריק, באָכערל, קום מיט מיר. איך וועל דיר געבן אַ פֿאַרדינסטל, אַ לײַכט פֿאַרדינסטל. ער איז טאַקע געווען הונגעריקלעך, אַרטשיק, און דעריקער האָט אים געמאַטערט דער הונגער פֿון נאָכעמס געזינד, סע וואָלט גוט געווען זײ מיט עפּעס העלפֿן.

אַזוי ראַשיק, אַזוי שײן איז די שטאָט, אירע גאַסן

ברייט, אירע טראָטואַרן באַזוימט מיט ביימער, אירע הויכע געקרײַזלטע בערג באָדן זייערע גאָלדענע טריט אין פּליסנדיקן דניעפּער.

אַזוי שיין און טומלדיק איז זי, די גאַס, מיט אירע שרײַענדיקע שילדן־פענצטער און וויטרינעס. אַזויפיל זאַט־קײַט שפּאַרט אַרויס פון פּרעס־מאַגאַזינען, רעסטאָראַנען, קאַפעען, אַזויפיל לופט און איבערגעזעטיקטע וואָלוועלע פרייד אין אירע בולוואַרן און גערטנער.

— דערלאַנגט אַ מיטיק — האָט דער מענטש באַפוילן.

אין דער נידער האָט זיך געשפּרייט די אַרבע־טער־שטאָט, אירע פאַבריקן, זאַוואָדן, וואַרשטאַטן פון אַלערליי פאַכן. איז ער געזעסן, אַרטשיק. די שמעקעדיקע מײַכאָלים האָבן גערייצט זײַן הונגעריקן אַפּעטיט. אָבער זײַנע אויגן האָבן זיך אײַנגעגעסן אין דעם מענטשן מיט כשאַד — וואָס פאַר אַ פאַרדינסטל וועט ער אים פאַרלייגן?

דער מענטש האָט געהייסן זיך דערלאַנגען ביר. ער האָט אָנגעגאָסן זיך אַ גלאָז, אויסגעטרונקען אין איין אָטעם און דערלאַנגט אַרטשיקן אַ גלאָז ביר און באַ־פוילן:

— טרינק און עס!

אַרטשיק האָט ניט געטרונקען, ניט געגעסן, ער האָט אָבער אויף דער ווײַלע ניט געקאָנט זיך רירן פון אָרט. אָט דער מענטש האָט פון אים שטום געצויגן די קליי. דאָס פּאָנעם איז געווען באַ אים קײַלעכיק־פּאַרשנדיק מיט אַ שפּיציקער גאָמבע, ווי באַ אַ פוקס. אויך אַזאַ געלער שמייכל האָט זיך געקליבן באַ געלע וואָנצעלעך און ראַפּ־טום האָט ער אים אַרײַנגעזאָגט:

— דו שטרײַקסט? דו הונגערסט? נו, אַז זיי, די גרויסע,

וועלן מאָרגן דעם שטרײַק פאַרשפּילן, וועלן זיי דיך פאַרזאָרגן, די גרויסע? דו ביסט דאָך אַ קלוג ייִנגל, דיר ווילט זיך אָנטאָן אַ גוטע זאַך, אַ הוליע טאָן, אַ שפּיל טאָן אין אַ קאָרט, רייכערן אַ גוטן פּאַפּיראָס, פאַרוואָס ניט? אַלעמיט זאָל אַזאַ ייִנגל, ווי דו, אַרבעטן ווי אַ פערד, שטרײַקן, הונגערן, שרעקן זיך פאַר יעדן פּאָליציימאַן. דאָס איז ניט קיין זאַך, נאַרעלע, דאָס איז ניט קיין אייסעק. אָט די אַלע גרויסע, די שטרײַק־קאָמיטעטן נאַרן דיך אָפּ.

ארטשיק האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט. זײַנע אויגן האָבן געגלאַנצט ווי אָנגעצונדענע קוילן. איצטער האָט ער עפּעס קלאָר פאַרשטאַנען.

— ארטשיק — האָט ער אין זיך געמורמלט, ארטשיק, צו וואָס אַנטלויפן. הונגעריק ביסטו, פאַרוואָס ניט אָפּעסן? דורשטיק ביסטו אויך, פאַרוואָס ניט אַ זופּ טאָן פון גלאָז? דאַרף־ער טאַקע אַ גאַנץ לעבן האָרעווען און פּלאָגן זיך? איז עפּשער טאַקע טשיקאַווע, וואָס וועט ער אים פאָרלייגן, דער שפּיק. עס איז עפּשער גאָרניט אַזוי שרעקלעך?

נאָר אין קאָפּ האָט אַ שניט געטאָן דער באַוווּסטזײַן — נאָכעם און אַלע אַרבעטער קעמפן, שטרײַקן און לײַדן הונגער. זיי מוזן דעם שטרײַק געווינען — איז וואָס וויל ער, דאָס פײַנע פּעטערל? וואָס לייגט ער אים פאָר? וואָס דאַרף ער טאָן, ארטשיק?

— איין קלייניקייט אַף דערווײַלע, אָט זאָל ער אים, ארטשיק, נאָר זאָגן, ווו זאַמלט זיך אויף דער שטרײַק־קאָמיטעט? פון וועמען באַשטייט ער. כי, כי — שמייכלט דער שפּיק, — דאָס איז נאָר אַ פּאָרטל אַף צו קאָנטראָלירן אים, ארטשיקן. ווײַל אים, דעם שפּיק, זײַנען באַוווּסט אַלע נע־

מענ און אלע ערטער. ער דארפ דאָכ צאָלנ ארטשיקנ געלט פאר עפּעס...

אונטער ארטשיקס פּיס האָט געברענט די ערד, אזוי איז ער גיזלאָפּנ צוריק צו זײַנ פּיקעט, צוריק צו די אר־בעטער. ער האָט געפילט, ווי א שלאנג וואַרפט זיכ נאָכ אים. איר מויל איז אָפנ, רויט, וויל אײַנשלינגענ אים און זײַנע עלטערע כאווײרים־ארבעטער.

נאָר דער טאָג האָט זיכ נאָכ ניט געהאט אזוי פּאָשעט פארענדיקט פאר ארטשיקנ. נאָכ אינ יענעם כארנאכט איז ער אנ איידעס געוועג, וויאזוי דער בונדיסט האָט דעם שטרײַק אונטערגעריסנ פונ אינווײניק. אפ דער פארזאמ־לונג פונ די שטרײַקנדיקע ארבעטער איז ער געקומענ אָפּגעגאָלט און צוגעפּוצט, מיט שמעקעדיקע צעקעמטע האָר און אָנגעטאָנ ווי אינ א גרויסנ יאָנטעוו. ער איז ארויסגעטראָטנ און געמאָלדנ:

— מאָרגנ דארפ מענ גיינ ארבעטנ. מע טאָר ניט פאר־וואנדלענ א פּאָשעטנ אינצידענט אינ א פּאָליטישער אקציע. טאקע, נו מיילע, האָט מאטוסעוויטש אים, הענעכנ, באַ־ליידיקט. ער איז געוועג שיקערלעכ, מאטוסעוויטש, אָבער ווו נעמט זיכ בא א נישטיקנ ייִנגל אזא האָזע לויפנ און ברענגענ א טאטשקע! און אלע האָבנ זיכ אָט דעם ייִנגעלע אונטערגעוואָרפנ. איז דאָכ שוינ טאקע צײַט פארשטיינ, ווי נאריש מע האָט געהאנדלט. גענוג, אויס שטרײַק, מאָרגנ אפ דער ארבעט!

נאָכעמ איז ניט געוועג. נאָכעמענ האָט פּאָליציי פאַ־ריקע גאנץ געזוכט אינ דער היים. נאָכעמ האָט זיכ גע־מוזט אויסבאהאלטנ. די גרעסערע מערהײַט אָפּגעשטאנענע און אויסגעהונגערטע ארבעטער האָבנ זיכ אָנגעכאפּט מיט

פרייד אָן דער ארבעט. ארטשיק האָט שרײַען געוואָלט פון ווייטעק, פאר כארפע. ניין, ניט דאָס, וואָס פאר אים איז מאטוסעוויטשעס טויער פארמאכט. ניין, ער האָט שוין געהאט פעסטע מוסקולן אפּ אָנצובאָטן. ער האָט שוין געוווסט, ווי מע קאָן שלעפּן קלעצער באַם ברעג. נאָר פאר זיינע אויגן האָט זיך געגליטשט א געל פּאנעם, א שפּיק און א צווייט פּאָנעם, וואָס איז איצט געשטאנען, קלוי-מערשט, אַן אויסלייזער פון די ארבעטער. האָט ער דער-פילט, ארטשיק, אז ער מוז עפּעס טאָן. דער קאָפּ האָט געברענט און דאָס הארץ האָט געוואָרפן. אין האנט האָט ער דערפילט א גאָל־מעסערל, מיט וועלכן ער פארשניצט א בליישטיפט. היינט האָט ער לאנג דאָס מעסערל גע־גלעט אָן דער קני. מיט אזא שארפּ מעסערל וואָלט ער גע־קענט אין איין רעגע איבערשניידן א האלדז. ער האָט זיך דערשראָקן, ארטשיק, פארשעמט פאר אזא ווילדן גע־דאנק. נאָר דאָס מעסערל האָט אים גערייצט:

— טו עפּעס מיט דעם, טו עפּעס. דער בונדיסט איז געשטאנען פארן אוילעם און איינגערעדט זיי, אז פאָדערן פאר דער צייט פון שטרייק איז אן אומזין, וואָרעם דער באלייידיקטער איז דאָך טאקע מאטוסעוויטש. מע וועט אן ארבעט טאָן גלייכסיקער, וועט מען זיך אָפּצאָלן פאר דער לייידיקער צייט. מע האָט נאָך ווענן א סאך זאכן גערעדט און אָן ארטשיקן אינגאנצן פארגעסן. דעמלט האָט זיך ארטשיק אונטערגערוקט דעם בונדיסט פון הינטן און אזוי שטיל אים אופגעשניטן ביידע קאלאָשעס פון די הויזן, פון גארטל ביז אראָפּ. און אז די פארזאמלונג האָט זיך פארענדיקט אין קעלער פון היימישע מיטיקן, האָט מען אָנגעצונדן ליכט, האָט שוין געוואַרט אפּן בונדיסט די

מויד פונ די היימישע מיטיקנ. זי האָט אימ באגריסט ווי א זיגער. דער בונדיסט האָט זי פייַנ אונטער די הענט געגומענ אר: אוועק שפאצירנ. ארבעטער האָבנ זיכ פאָרלעכווייַז פונ קעלער געלאָזנ. שטומ, ריידנ האָט מענ זיכ געשעמט, אונ ראפטומ האָבנ זיי דערזענ, אז אפנ בונדיסט צערוקנ זיכ די הויזנ ווי פליגל פונ א מיל. וואָס איז דאָס? ער אלייב, דער בונדיסט, האָט שוינ אָפגעלאָזנ זייַנ דאמע אונ איז אזוי מעטורשטעש געבליבנ אינמיטנ גאס. ניט לויפנ, ניט גיינ, ניט בלייַבנ שטיינ. מענטשנ האָבנ זיכ לעבנ אימ גענומענ זאמלענ אונ קיינער האָט ניט געוווסט, מיט וואָס אימ צו העלפנ.

איז ארטשיק צוגעגאנגענ נאָענט צו אימ אונ מיט גאל אימ אינ פאָנעמ אריינגעזאָגט:

— איז וואָס וועט איר שטיינ, כאוועך בונדיסט, די ארבעט האָט איר בא מיר צוגענומענ. איז אָט, אז איר ווילט — נאט אייַכ מייַנע הויזנ.

האָט א גאס ווילד געלאכט מיט אלע אירע ליידיקגייערישע גאָרגלענ. ארבעטער האָבנ זיכ שטיל געטיילט מיט דער האנאָע.

ארטשיק האָט געפילט א ציטעניש אינ מאָגנ. ער איז געווענ הונגעריק. נו, איז וואָס, ער וועט זיכ א נאכט איבערווארפנ אפנ געלעגער אונ מאָרגנ וועט ער גיינ ערגעצ אָנבאָטנ זייַנע הענט, ווייַל דער שטרייַק איז פארשפילט.

7

א ווייכער פוכל-געוויקס האָט שוינ געשפילט אפ ארטשיקס פיגלשנ-פאָנעמ, נאָר אימ איז דאָס קנאפ געווענ, ער האָט געוואָלט אויסזענ נאָכ ערנסטער, מענערישער,

ווײַל דעמלט, ווענ ער פלעגט זײַנ דארנ גופ ארומלייגנ מיט פראָקלאמאציעס, פלעגט ער אויסזענ א ביסעלע ברייט־לעכ אינ סטאָנ אונ צו קינדערש אינ פּאָנעמ. די דאָזיקע ארבעט פונ פארשפרייטנ בלעטלעכ האָט ער געטאָנ מיט דער גאנצער פאראנטוואָרטלעכקײַט. פּונקט דעמלט, ווענ די פּאָליציי פלעגט זיכ לאָזנ אינ איבערפאלנ אפ הויפנ זוכנ ייִדנ. וואָס האָבנ ניט קיינ ווינרעכט, דעמלט האָט ער ניט געהאט וואָס צו בלײַבנ אינ שטוב, אפנ גאס איז ער אינגאנצנ פרײַ געווענ אונ בלעטלעכ האָט מענ געקענט אָנקלעפּנ סײַ לעבנ פּאָליציי־צירקל סײַ אפ די טומבעס, ווו מע קלעפּט אפישנ אונ דעריקער אפ די ווענט בא די קאזארמעס אונ אפ די טויערנ פונ זאוואָדנ, אונ בא דער ערשטער וואכטע באגינענ האָט מענ שוינ געקענט דער־לאנגענ דעמ ארבעטער גלײַכ אינ האנט ארײַנ א בלעטל אונ סוידעסדיק אײַנרוימענ.

— פּארהאלט עס ניט בא זיכ, כאווער, איבערגעלייענט אונ אָפּגעגעבנ א צווייטנ.

אינ איינעמ אזא פריִענדיקנ באגינענ, ווענ ארטשיק האָט זיכ אומגעקערט פונ פארשפרייטנ די בלעטלעכ,—דאָס מאָל האָט ער די בלעטלעכ פארשפרייט בא די אײַזנבאנ-ווארשטאטנ,—האָט ער באמערקט א באקאנטע פיגור. מיט א פּיצעלע רענצעלע אינ האנט איז דער מענטש געגאנגענ צופוס פונ באנ.

— נאָטע!—האָט ער א רופ געטאָנ,—נאָטע! נאָר די פיגור האָט זיכ געמאכט ניט וויסנדיק אונ ארטשיק איז אימ פונ א זײַט דעמ וועג פארגאנגענ, א קוק געטאָנ אינ פּאָנעמ אונ נאָכאמאָל שוינ אפ זיכער זיכ איבערצײַגט, אז דאָס איז נאָטע. נאָר פארוואָס ווינקט ער אימ אזוי מאָדנע,

וויזט אים מיטן האַנט אַף הינטן און גייט אָן אַן אָפּ־
שטעל? אַרטשיק האָט גלייך זיינע געניטע אויגן אָנגע־
שטעלט. אַ זוך געטאָן רונד אַרום און באַמערקט אַ מענ־
טשן, וואָס איז קלוימערשט זייטיק געגאַנגען און ניט אָפּ־
געלאָזן נאָטען פון אויג. ער האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז
דער מענטש האָט נאָטען בא דער באַן באַגעגנט און בא־
גלייט אים ביז דעם אָרט, וווּהין ער וועט אין שטוב אַריין.
אַרטשיק האָט עס פאַרשטאַנען און גלייך באַטראַכט, וואָס
צו טאָן. נאָטעס פּאָנעם האָט אים קיין גוטס ניט געזאָגט.
ער האָט אַזוי שווער געאָטעמט, נאָטע, אַז פונדערווייטנס
האָט מען געקאָנט הערן, ווי עס כאָרכלען זיינע לונגען
אינווייניק. ער האָט באַשלאָסן, אַרטשיק, פאַרהאַלטן אָט
דעם מענטשן. האָט ער זיך גלייך קעגן אים געלאָזן און
טאַקע גלייך דערקענט דעם געלן שפּיק, וואָס האָט אים
דעמלט אָנגעבאָטן אַ פאַרדינסטל.

— פעטערל, שענקט עפּעס, איך האָב שוין צוויי טעג
גאָרניט געגעסן, — איז אַרטשיק מיט אַן אויסגעשטעלטער
האַנט אים פאַרלאָפן דעם וועג: פעטערל, איך האָב גע־
וואָלט פאָרן אַהיים, האָב איך ניט אַף קיין בילעט און דאָ
הייסט מען מיר שטרייכן און שטרייכן.

אָט דער מענטש, וואָס האָט זיך רעכט אויסגעזידלט,
דערמאָנט די מאַמע און האָט זיך פאַרמאָסטן אָט דעם
שלעפּערל דערלאַנגען מיטן גלאַנציקן שטיוול אין בויך
אַריין, ער זאָל אים ניט קריכן אין די אויגן. האָט בא דעם
וואָרט שטרייך, פאַרהאַלטן די טריט, און זיינע אויגן, וואָס
הענגען אינדערלופטן, ווי בא אַ קרעפּס, האָט ער נאָך
אַלץ געהאַלטן אַף נאָטען. וואָס איז עטוואָס צוגעבויגן
געגאַנגען, און דערביי געפרעגט אַרטשיקן:

— ווו ארבעטסטו, ווער הייסט דיר שטרײַקנ?

— אַט אָ, אָט, פּעטערל, קוקט, אז איר גלייבט מיר ניט. — האָט זיך ארטשיק צעכליפּעט מיט א געוויינ. — אָט לייענט, איך האָב אליינ געזעענ איינעמ א פּעטערל, האָט ער געקלעפּט קלאמאציעס, אלע, זאָגט ער, וועלנ שטרײַקנ. א גאנצע שטאָט וועט שטרײַקנ. אינ פּעטערבורג, זאָגט ער, שטרײַקט שוינ א קינד אינ וויג. און עסנ וואָס וועט מענ? שוינ צוויי טעג גאָרניט געגעסנ, גיט עפּעס, פּעטערל.

— נא דיר א גריוועניקע און שטומ, דו אידיאָט. ס'איז געווענ ניט באקוועמ, מענטשנ האָבנ זיך אָפּגעשטעלט. צוגעהערט, עמעצער האָט זיך טאקע אָפּגעשטעלט אפ דעמ אָרט לייענענ א פּראָקלאמאציע, געלייענט הויכ, אז אלע זאָלנ הערנ, און דער מענטש מיטנ געלנ פּאָנעמ האָט פארגעסנ אָנ נאָטענ, אָנ ארטשיקנ, ארײַנגעריסנ זיך אינ מיטנ און געזוכט אראָפּצירײַסנ די פּראָקלאמאציע. עמעצער האָט אימ דערלאנגט איבערנ האנט און א שלײַדער געטאָנ אפנ טומבע:

— זאָל מענ לייענענ, וואָס איז, מע שרײַבט ניט עמעס?

דער געלע־ האָט דאנ פארלאָרנ דאָס געדולד, ארויסגענומענ א שפּײַער און אינ מויל ארײַנגעטאָנ א פּײַפל און געפּײַפט:

— צעגייט זיך, כ'וועל אײַך אלעמע ארעסטירנ!

האָט ער זיך דערמיט ארויסגעגעבנ, אלע האָבנ אימ באלד דערקענט:

— א שפּיק. מענטשנ האָבנ פונ אימ אָפּגעצויגנ, ווי פונ א נעווײלע. א טשיקאווע אלטיטשקע איז אונטערגעגאנגענ נאָענט און ארײַנגעקוקט אימ אינ פּאָנעמ, ווי

זי וואָלט אין צירק באַטראַכט אַ כּיַע, האָט זי זיך גע־
ציילעמט:

— זע נאָר, מאַמעלעב האַרציקע מײַנע, איַ. זעט
נאָר, דוכט זיך גאָר ווי אַ מענטש און צום סאָף אַ שפּיק.
טפוי, טפוי, — האָט זי אויסגעשפּיגן, אויסגעבאַטלט אַלע
בייזע כאַלוימעס צו זײַן קאָפּ און איז אַוועק. דעמלט האָט
ער זיך צוגעלייגט צו דער טומכע, אַראָפּגעריסן די פּראָק־
לאַמאַציע, אַרײַנגעלייגט אין קעשענע און איז אַוועק! ניט
נאָטע, ניט אַרטשיק זײַנען שוין נאָענט ניט געווען.

8

— בייגל, הייסע בייגל! — האָט אַ יונג קאָל גע־
קלינגלט, געטראָגן אַ וויגעלע אַפן קאָפּ און געלאָפן פאַר־
בײַ הויפן, פאַרבײַ הײַזער אין בלויע פרימאָרגן, ווען
מענטשן האָבן זיך נאָך געפּוילט רירן פון די געלעגערס.
עמעצער האָט אַפילו אונטער אַ ווייכ־וואַרעמער קאָלדרע
פון פויגל־פּוך געטראַכט אַ שיינע פאַציפיסטישן געדאַנק,
אַז אַף אַ קאַפּאָרע דאַרף מען האָבן די מילכאָמע. אָנגע־
הויבן האָט זיך עס פון אַ ראַכמאָנעס-געפיל צו אָט דעם
יונגן קאָל, וואָס רײַסט זיך נעבעך אין אַזאַ פראָסטיקן
פרימאָרגן, ווען דער ווינט וויעט אונטער די גוט־פאַר־
קלעפּטע ראַמען און פּאַטשט מיט שניי די גוט־באַוואָרנטע
שויבן און עס איז קילבלעך אַרויסצושטעקן אַ פוס אַף אָנ־
ציען אַף דעם אַ וואָלענע סקאַרפּעטקע. און דער, וואָס
שרײַט וועגן די בייגל, קאָן דאָך זײַן אַפן גאַס אָן אַ
טכוירענעם פוטער און עפּשער איז אַ-ילע די וואַטע אין
זײַן מאַנטל צו אַלט. עכ, האָט דער מענטש אונטער דער
ווייכער, וואַרעמער קאָלדרע געקרעכצט, איז צוליב וואָס

לויפט ער אין אזא בייזן פרימאָרגן און שרייט — הייסע בייגל! ער אליין האָט אפילע ליב גאָר הייסע בייגל, נאָר מיילע, איינמאָל וואָלט ער זיך באגאנגען אָן הייסע בייגל אויך.

זיז אָט פונדאנען איז טאקע גלייך דער געדאנק געגאנגען אהין, ווו מענטשן ליגן אין די אָקאָפּעס. מיילע, דער. וואָס שרייט דאָ הייסע בייגל, איז באשיצט פון ווינט צווישן הייזער. האָט ער א געקוקער, ווען אים א כנא-ריאד ניט צעפּיצלען, לעבעדיק ניט באגראָבן, א קויל ניט צעברעקלען א פוס, א האנט, אָן רעם, איז דאָך טאקע גוט צו שרייען — „הייסע בייגל", אָבער יענע דאָרטן, אין די אָקאָפּעס? אך, אך, ער איז קענגן דער מילכאָמע.

איצטער האָט שוין דער פּאציפיסט געקאָנט נאָכאמאָל זיך איינדרייען אין קאָלנער און געשמאק כאָלעמען א פיינעם כאָלעם און דאָס קוויטע קאָל האָט זיך געמישט מיט ווינט, מיט פראָסט, ביז עס האָט זיך ערגעץ ווייט און שוואך פארלאָרן — הייסע בייגל...

אין א טעמפּ ווינקל, ווו א הויכע בראנדוואנט האָט פארשטעלט זון און שיין, האָט דער ווינט אריינגעבלאָזן א היפּש ביסל שניי, פארשאָטן די שייבלעך וואָס האָבן אויסגעדאכט ווי בעלמעס פון בלינדע אויגן. עס האָבן שוין מענטשן פון יעדן קעלער דאָ אויסגעטראָטן א שטיקל וועג, אוועק ווער אפ ארבעט, ווער אזוי, טאפּן דעם וואָגן און זוכן כאיונע.

— הייסע בייגל! — האָט דאָס קאָל אויסגעזונגען. אין רעכ-טן ווינקל האָט זיך נידעריק א טיר געעפנט, א קאָפּ א גרויער האָט ארויסגעקוקט, א ווונק געטאָן און א יונג מיט א וויגעלע אפן קאָפּ האָט זיך פלינק אראָפּגעלאָזן טראָפּ

טרעפלעך, אריינגעכאפט זיך אין קעלער אריין, צוזאמען מיט א שטיק ווינט און די טיר האט זיך פארהאקט.

דער מענטש מיטן ווייסן קאפ איז געווען נאטע איינ־בינדער. ער האט באקומען ווייסע האר, אבער זיינע אויגן האבן געגליט מיט יונגן פייער, ווי דעמלט, ווען ער איז געגאנגען שיסן דעם קורנאסן פריסטאוו אן שום פאלי־טישער ציל־געוועדטקייט. אזוי איצטער, פארקערט, האט ער יעברענט מיט באלשעוויסטישן באוווסטזיין:

— דעם קריג פארוואנדלען אין א בירגער־קריג!

קאלט האט ער געשמייכלט צום יונג: דערפרוירן גע־ווארן? ער האט ארייגעווארפן העלצלעך אין אייזן־איי־ווערע אין ארטשיק האט, ווי אמאל, ווען ער איז א קינד געווען, דערלויבט נאטע איינבינדערן, ער זאל אים אופ־הייבן די פיס, די פינגער, וואס האבן זיך צו דער אנעטשע צוגעקלעפט. ער האט זיך געווארעמט באם אייוועלע און נאטע האט זיך ארייגערוקט ווייט אין קוימען פון גרויסן אויוון, פון דארטן דערלאנגט א בינטל בלעטלעך, אופרופן, גוט עס אויסגעלייגט אין וויגעלע אונטער די בייגל, פון אויבן איינגעדעקט ווארעם די בייגל. דער פראסט זאל זיי ניט דורכעסן. געהאלפן דעם יונג ארומנעמען דאס אייז פון די שטיוול. איצטער איז שוין דער יונגן ווידער גרייט געווען אין וועג אריין. אפן קאפ האט ער אנגעטאן א זעלנעריש היטל, א מאגערינק פעלצעלע, האט נאך שמע־לער און העכער געמאכט זיין גוף, אבער פעסט באם סטאן פארגארטלט. האט ער גענומען אין וויגעלע ארייין נאך א היטל, — טאמער מע וועט דארפן, וועט ער דאס זעל־נערישע אוועקווארפן און פון אויבן אנטאן נאך א לאנגע

דעלע מיט א קאפּושאָן, מיט וואָס די בייגל זײַנען צוגע-
דעקט. אַט אזוי, באוואָרנט זיך מיט אלץ, האָט ער גענו־
מען דאָס וויגעלע אפּן קאָפּ און איז אוועק אין פּראָסטיי־
קער כוויזע אהין, וווּ אפּ די הינטער־שטע ליניעס האָט
מען אָנגעשפּארט צוגן מיט מענטשן אפּ אָפּצוליפערן צום
פראָנט.

— בייגל. ווארעמע בייגל — האָט אין כוויזע געגלעקלט
א קאָל.

ארטשיק האָט זיך געטראָגן פאַרבײַ די פאַרהאַקטע טעפּ־
לושקעס, און צו יעדער אויסגעצויגענער האַנט מיט א
פּאַפּירענעם פּיטאַקל, האָט ער א בייגל דערלאַנגט אײַנגע-
וויקלט אין א בלעטל און ווײַטער געלאָפן. געשלענגלט
זיך צווישן די וועגן. עמעצער האָט אים געיאָגט, געטריבן.
איז ער נעלעם געוואָרן און ווײַטער אויסגעוואָסקן אין אן
אנדער אָרט, וווּ זעלנער האָבן אים ארומגערינגלט. ניט
אלע האָבן באוויזן צו באצאָלן, אָבער דאָס וויגעלע איז
שוין ריין געוואָרן פון בייגל און בלעטלעך, און דער קליי־
נער „טויכער" איז שוין גרייט געווען ־לויפן מיט א גרויסן
אָרום אין שטאָט אריין. מאָרגן וועט ער טראָגן פאַרקויפן
טיטון, שוועבעלעך, שוין גאָר, גאָר אפּ אן אנדער אויפן
און אין אן אנדער ראַיאָן.

אָבער שוין גאָר באַם ארויסגאַנג פון הינטערשטן וואָק־
זאַל־טויער האָט ער דערהערט הינטער זיך שטימען:
„שטיי, מיר וועלן שיסן. ער האָט גלײַך זיך א דריי געטאָן
פון גלײַכן וועג פאַרבײַ די פּאַק־לאַגערן, פאַרקראָכן אין
א ווינקל, איבערגעביטן דאָס היטל, אָנגעטאָן א ברעזענ-
טענע דעלע מיט א קאַפּושאָן און בעדייע געהאַט לאָזן דאָ
דאָס וויגעלע און אפּ אזא אויפן אוועקגיין. אויב מע וועט

אים אפילע פארהאלטנ, ט'ער לייקענענ שטיינ אונ ביינ: אָבער דאָ האָט אימ געפאקט דער היטער, געכאפט פעסט און געדופנ:—אָט איז ער, דער גאנעוו! פונ די אלטע הענט וואָלט ער זיך נאָך אויך ארויסגעדרייט. דער שניי, די כוויזע וואָלטנ אימ געהאָלפנ, איז שוינ אָבער שפעט געווען. א פאטרול זעלנער האבנ אימ ארומגענומענ אונ אָפגעפירט אינ קאָמענדאנטור ארײַנ, אונ דערבײַ ניט געקארגט אימ א פאָר קאָלבעס אינ פלייצע ארײַנ.

דאָ איז געווענ טומלדיק, היפש אָנגערויכערט, אָבער ווארעמ. אינ קאָמענדאנטור איז ארײַנ אַנ אָפיצער, האָט ארויסגענומענ דאָס אײַז פונ באָרד אונ באפוילנ פירנ נאָכ אימ דעמ יונג, וואָס האָט אָנגעפילט צוויי צוגנ מיט פארברעכערישע בלעטלעכ. קיינ גרויסנ אײַנדרוק האָט דער יונג ניט געמאכט אינ דער דעלע מיטנ קאפושאָנ אפנ קאָפּ.

— דאָס האָסטו פארשפרייט פראָקלאמאציעס?

כ'ווייס ניט.

— בייגל האָסטו פארקויפט?

— איכ וויל עסנ.

דער אָפיצער האָט א ווונק געטאָנ דעמ צווייבענדלדיקנ זעלנער אונ יענער האָט אימ דערלאנגט א זעצ אינ האלדז אונ נאקנ ארײַנ:

— רייד ווי א מענטש, הונט!

ער האָט אימ א ריס געטאָנ פונ קאָפּ דעמ קאפושאָנ מיטנ היטל צוזאמענ מיט די האָר, אונ ארטשיק האָט שוינ ניט געהאט ווו צו באהאלטנ דאָס פאָנעמ פונ דעמ אָפיצער, וואָס האָט געטראָגנ מאטוסעוויטשעס באָרד. ער האָט געמוזט קוקנ גלײַכ אינ אָט די באקאנטע אויגנ פונ א באלעבאָס,

וואָס ער האָט געהאָלפן ארופזעצן אפּ א טאטשקע און ארויספירן פארן טויער. איצטער האָט דער באלעבאָס פון דער סטאָליער-פאבריק זיך פארוואנדלט אין א שטרענגן אָפּי־צער, איינגעלייענט זיך אין איינעם פון די בלעטלעך, וואָס ארטשיק האָט אין זיי בייגל פארוויקלט און באלד אופגע־הויבן די אויגן פול אָנגעגאָסן מיט בלוט, אָנגעשטעלט זיי אפּ ארטשיקן, אָפּגעווענדט און ווייטער איינגעגעסן זיך אין פּאָנעם ניט זיכער, אָבער גלייך איבערצייגט זיך, אז דאָס איז דער זעלבער יאט פון דער טאשטקע. האָט זיין פּאָנעם פון צאָרן געבלייכט און דאָס בייזע וואָרט אין זיין האלדז פארוואָרגן. ער האָט זיך א ריס געטאָן פון טיש ארויס און געענוכעט שיטן מיטביידע הענט, זעצן איבער ארטשיקס קאָפּ, אז דער צווייבענדלדיקער סאָלדאט האָט זיך אליינ פארוואונדערט, פונוואנען קומט אזא אופרעגונג צו אָט דעם סאָלידן אָפיצער, וואָס קאָן קאלט באפוילן ארייגלאָזן א קויל אין א קאָפּ מיט דער זעלבער מאניר, ווי ער ווישט אָפּ די באָרד מיטן ווײסן טיכעלע. איז ווי קומט ער זיך רעגן פון אָט דעם שנעק?

מאטוסעוויטש האָט זיך אזש פארכלינעט אין צאָרן. גע־עצט דעם יונג מיט די שטיוול, מיט די הענט, ביז ער האָט דערהערט פון זעלנער א מיטלייד־טאָן:

— דערלויבט אייער ווילגעבורט. וועל איך אים אליינ צורעכטמאכן, אָט דאָס גאָרנישטל.

— שווייגן! — האָט ער מיט ווזט באפוילן. נעם, גיב אים דערווייל צוואנציק שמיץ און וועסט מיר ראפּאָרטירן, ווי האָט ער זיי אויסגעהאלטן.

— איך הער — האָט דער צווייבענדלדיקער מיט א פאר־באָרגן שמייכעלע געזאָגט. איך הער, אייער ווילגעבורט.

צוואנציק שמיץ און אפן פראָנט אף דער ערשטער לי־
ניע אָקאָפּעס, אין סאמע פייַער.

דאָרטן האָט מען זיך געכידעשט. א קינד! וויפל ביסטו
אלט, יינגל, וואָס דו האָסט זיך אזוי שווער פארזינדיקט?
ארטשיק איז אויך דאָרט געווען אונטער אן אופזיכט.

* * *

— מיט וואָס האָסטו דאָס זיך אזוי פארזינדיקט,—האָט אים
געפרעגט דאָס מאָל א זעלנער מיט דריי ציילעמער אפן
ברוסט. ער האָט געהאט א רונד פּאָנעם, בלויע גוטע אויגן
א געזוצטער באָכער. ער האָט אים אין שטופּעניש בא דער
קיך אָפּגעטראָטן זיין קעסעלע זופּ—נא, עס!

ארטשיק האָט געשלונגען די איפּעשדיקע בורדע
שטארק הונגעריק איז ער געווען. דער ערשטער גרויסער
גרויל פון פראָנט איז בא אים אריבער, און ער האָט זי
אָנגעהויבן צוקוקן צו מענטשן. דער דאָזיקער כאווער איז
אים געפעלן געוואָרן. ער האָט געהייסן וולאסאָוו, דער כא־
ווער מיט די דריי ציילעמער. נאָר ער איז גאָרניט געווען
ענלעך אף יעניקע, וואָס האָבן געטראָגן דעם יאָך, די איימע
פאר דער אייגענער הויט. ארטשיק האָט זיך געמאכט נא־
רעשעוואטע און מיט א ליפּ פון א קינד האָט ער אים דער־
ציילט:

— איך ווייס ניט, בייגל האָב איך פארקויפט, האָט מען
מיר געשענקט פּאפּיר אף איינוויקלען די בייגל, יעדער
זעלנער האָט ליב, אז מע גיט אים א פּאפּירל. נו, האָב איך
זיי געגעבן פּאפּירלעך. דאָס איז גאָר.

וולאסאָוו האָט גוטמוטיק געשמייכלט.

— הער יאַט, — האָט ער ארטשיקן געזאָגט, — זײַן דאָ אין כשאד איז געפערלעך, מע דארף זיך מיט עפּעס אויסצײַ־כענען, באַווײַזן א פּאטריאָטישן קונץ. דו ווייסט עס קאָנען.

ארטשיק קוקט זיך אײַן אין וולאסאָווס פּאָנעם, אין פלוג זײַנען דאָ אפן פּראָנט אלע פּענעמער ענלעך, פארברענט, צעפּלאצט די הויט, פארסארפּעט די ליפּן, נאָר אויגן פלעמ־לען זיך מיט גלויבן. אָט אָ — דאָ, ווי יעדער רעגע קאָן דער טויט אלץ און אלעמען אָפּווישן, און ארטשיק זאָגט אים שוין קלוג מיט א טאָן פון א כאוועך:

— גוט, איך וועל מיך אויסטארען. דו האָסט דרײַ צײַ־לעמער?

— דרײַ, — האָט וולאסאָוו געזאָגט, — נאָר דאָ, יאַט, דארף מען האלטן די צונג אין קלאמען און די אויגן אין די הענט, געדענק!

ס'איז שוין געווען יאנואר זיבעצעטן יאָר. עס האָט זיך שוין געפילט דער אָטעם פון דער אָנקומענדיקער רעוואָ־ליוציע. ארטשיק האָט געפּונען די גרויסע שטאָט אן אָנ־געדראָלענע מיט דעזערטירן, „ראבע" און הונגער, אומע־טום רייען, געוואלדיקע עקן נאָך ברויט פון קוקורוזע, קיין צוקער איז ניטאָ, קיין נאפט אויך. ארטשיק האָט אפן ברוסט געהאט אן אויסצייכענונג־ציילעמל. זײַנע פארבינדונגען מיט וולאסאָוון האָבן זיך איבערגעריסן. דער פּאָרזיכטי־קער וולאסאָוו, דער שלאָסער פון פּיטער, דער געניטער באָלשעוויק, איז מיטס דורכגעפאלן. ס'איז רעכט, אז ער איז שוין מער ניטאָ צווישן די לעבעדיקע. דעם גרויס האָט שוין ארטשיק באקומען אין טיל, ליגנדיק אין שפּיטאָל א קאָנ־טוזשעטער. איצטער האָט ער אלץ געוואָלט זען עמעצן פון

די נאָענטע און לויפן וויטער אפן פראָנט דערפירן דעם קריג צו א בירגערקריג. האָט ער שוין נאָטען ניט געפונען, דאָס שוועסטערל כיענע האָט זיך דאָ ווי א קאַטשקע געוויגט אף אירע ווייכע פיס, געכליפּעט:

— געשטאָרבן נאָטע, אין טורמע איז ער געשטאָרבן. און דיך, אַרטשיק, האָב איך שוין אויך געהאַט באַוויינט, עס איז שוין אויך געווען אויס קעלערל. איז ער געלאָפן, אַרטשיק, אין זיינע גרויסע דייטשישע שיך מיט וואָלענע געטרעס,—דאָס האָט אים אן עסטרייכישער קריגסגעפאַנגענער געלאָזן א ירושע. ער איז דעם ערשטן מאָל איבער אָט די טומלדיקע גאַסן געגאַנגען לעגאַל און אים איז דאָס פריקרע געווען. ער האָט געפילט, אז איצטער, ווען די צאַרישע געביידע וואַקלט זיך, דאַרף מען געבן א גוטן שטויס, זי זאָל זיך צעשיטן. א ווינטער א שווערער, א גרוי-ער, ווי אָט די מאַסע מענטשן אָנהיימיקע. עס האָט זיך אין דער לופט געטראָגן הונגער און טויט. ס׳האָט גע-סקריפּעט און געשוואַרצט דער שניי אונטער די זינצאָליקע מיליטערישע טריט און שווערע אָבאָזן. איז ער, אַרטשיק, געגאַנגען מיט א פאַרקלעמט האַרץ אף אָט דעם קאַלט-בלוטיקן וועג צום טויט, אף דעם, וואָס טויזנטער ביקסן הענגען אף די אַקסל, וואָס יעדע האַנט נעמט אָן די ביקס קעגן אייגענעם סוינע. און ער, אַרטשיק, האָט פון זיך גע-קרימט א זעלנערל, איינגעשטעלט דאָס לעבן, קעדיי צו ברענגען א געניי יעזשעלע אפן פראָנט ווי בעסער איינ-צואָרדענען דאָס לעבן פון די אַרבעטער און פּויערים.

ער האָט נאָך אין יענעם טאָג זיך דערוווּסט א ביטערע ידיעה, אז נאָכעם איז ערגעץ אף קאַטאָרגע, אז דאָס ווייב איז דאָ געשטאָרבן און עס הונגערן די קינדער.

איז עפשער זאָל ער דאָ בלײַבן? ער וועט אַרבעטן און
העלפן נאָכעמס, זײַן כאַווערס, קינדער? ער האָט זיך געלטן באַ-
זוכט נאָכעמס שטוב, ווײַל דאָרטן זײַנען אַלע געווען קעגן
נאָכעמען. הײַנט איז ער אַהין אַוועק. ער האָט שוין גאָר-
ניט דערקענט אָט דעם נידעריקן טייל שטאָט. אַזוי טויט,
פֿאַרכאַלעשט איז ער געלעגן אין קלאַמען פֿון וווּנדן, הונ-
גער און קרענק. דער קעלער, ווו נאָכעם האָט געוווינט,
האָט שוין גאָר אויסגעזען ווי אַ גרוב. די עלטערע גיטעלע,
וואָס איז געווען אַף דרײַ יאָר יינגער פֿון אַרטשיקן, האָט
אים באַגעגנט קאַלט. זי האָט זייער אַ שלעכטע מיינונג גע-
האַט וועגן איר טאַטן און אויך וועגן זײַנע כאַווייריִם, וואָס
פֿאַטערן זיך און יענעם. הינטער אָט דעם מיידעלעס פּליי-
צע איז געשטאַנען אַ מענטש, אַ פֿײַן צוגעקאַמטער בוכ-
האַלטער. ער האָט ניט געהאַט מער וואָס צוצוגעבן צו דעם
מיידלס אַרויסגעזאָגטן געדאַנק. דאָס בוכהאַלטערל האָט
זיך גאָר זאַט ניט געקאָנט אָנקוקן אַפֿן ציילעמל אַף אַרטשיקס
ברוסט. ער איז געווען אַ בונדאָוועץ, און געהאַלטן, אַז יידן
האָבן אין דעם קריג באַוויזן אַזויפֿיל העלדנשאַפֿט און צע-
קלאַפּט אַלע רעכילעסן וועגן יידישער פּאַכדאָנעס. אַרטשיק
האָט גאָרניט דערווידערט. אָבער זײַן האַרץ איז אים פֿאַר-
גאַלט געווען. זײַנע אויערן האָבן ניט געקאָנט הערן די
נימעסע רייד פֿון אַ קליינבירגער, וואָס איז גרייט פֿאַרזיי-
ען מיליאָנען טויטן צוליב דער נאַציאָנאַלער העלדנ-
שאַפֿט.

דרײַ טעג האָט שוין אינווייניק געפֿלאַקערט דער קאַמף
צווישן אַרבעטער, פֿון איין זײַט, און דער קאָנטררעוואָליו-
ציע, פֿון דער צווייטער זײַט. דאָרטן האָט געפֿלאַמט די
רויטע באָלשעוויסטישע פֿאָן. און דאָ איז געווען אַן אי-

בערפלעכט פונ פאָנענ: דרײַ קאָלירנ, צוויי קאָלירנ אונ אנ־דערע פארבנ־קאָמבינאציעס. איז די ארבעטער דער קאמפ שווער געווענ. די קויכעס פונ פארייניקטנ סוינע קעגנ אָקטיאבער זײַנענ געווענ גרויס, אָבער פונ אויסנ האָט געהײַלט אהער די רויטע פראָלעטארישע ארמיי צו הילפ די ארבע־טער.

דער סוינע האָט זיכ ניט אונטערגעגעבנ, ער איז געווענ ביז לעצט פארביסנ, די אויבערשטע שטאָט, די רײַכע קוואר־טאלנ זײַנענ שוינ געווענ ארומגעכאפט מיט פלאמענ אונ דאָס פײַער איז ווײַטער, ווײַטער געגאנגענ.

ארטשיק האָט גאָרניט באמערקט, ווי ער איז אליינ אָט־דאָ אפ פראָנטנ, פונ א קינד א גרויסער געוואָרנ, א קאָמ-יוגיסט, א קאנדידאט פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי.

דער קאמפ איז שוינ געהאט געגאנגענ צום סאָפ. מע האָט זיכ שוינ געהאט פארנומענ מיט אָפרייניקנ די רעשטנ אינווייניקסטע באנדעס. שפּעטיקער הארבסט האָט אפ צע־קרימטע, צעהויקערטע וועגנ געפּליוכעט אונ דאָרטנ אפ די בהעגנ, ווו צוויי וואסערנ—דניעפּער אונ דעסנע—שטראָ־מענ אונ מישנ זיכ ניט אויס, דאָרטנ האָבנ באנדעס געווימלט: פונ איינ זײַט מארוסקע, פונ דער צווייטער — ראָמאשקעס באנדע. אינ יעדנ באלעגופּישנ הויז האָבנ זיי געהאט א נעסט, יעדער פּעטליוראָוועצ האָט דאָרט געהאט א מיטהעלפער. ס'איז געווענ א שווערער פּארטיזאנישער קאמפ, אָנגעפירט האָט מיט אימ דער כאווער וולאסאָוו. ער האָט געלעבט, וולאסאָוו, זײַנע דרײַ ציילעמער האָבנ אימ געראטעוועט פונ טויט, אונ פונ קאטאָרגע האָט אימ די רעוואָליוציע באפרײַט. דאָ האָט ארטשיק אויכ באגעגנט נאָכעמענ דעמ פּאָליטקאָמיסאר. נאָר אפ ריידנ אונ פרייענ זיכ איז נאָכ

קיינ צייט ניט געווענ, דער קאמפ איז דאָ געווענ פארביסנ, אפ יעדנ טראָט א שלאנג, פאראט.

עס האָבנ מענטשנ זיכ לאנג ניט אויסגעשלאָפנ, ניט איבערגעביטנ קיינ גרעט, ניט אויסגעטאָנ קיינ שטיוול. א טאָג האָט מענ די באנדע געיאָגט, א נאכט איז צוגעפאלנ א שווארצע, א פינצטערע, מיט דונערנ, בליצנ אונ רעגנ. נאָכעמ האָט א קויל באקומענ, פונ טייכ האָט מענ געשאָרנ פונ א שיפל ארויס. ער איז אומבאמערקט אָפגעשטאנענ, נאָכעמ. ארטשיק איז מיט אימ פארבליבנ, פונ פארשיידענע לעכער איז די באנדע ארויסגעקראָכנ, רופנ צו הילפ איז געווענ געפערלעכ, מע האָט זיכ אויסבאהאלטנ באדארפט. נאָכעמ האָט שוינ ניט געקאָנט גיינ. דער שטיוול איז געווענ א פולער מיט בלוט. א שטיק כאָלעווע האָט מענ געמוזט באזייטיקנ אונ איבערבינדנ די וווּנד. ארטשיק האָט עס געמאכט געניט. בא אנ אלטנ ווערבעבוימ האָבנ זיי זיכ צוגעשפארט, מיט די קעפ ארייַנ אינ זיינ אויסגעהוילטנ וואָרצל אונ ראפטומ האָבנ זיכ נאָכעמס הענט ארומ ארטשיקנ ארומגעקלאמערט:

— הער, ארקע, ווייסט, איכ האָב קינדער אפ העפקער געלאָזנ. איז טאָמער פאל איכ אָט דאָ פונ א באנדיטישער קויל אונ דו וועסט גאנצ בלייבנ, געדענק, זי, גיטעלע, איז נאָכ אויכ א קינד, זיי זיי א נאָענטער, זיי זיי א ברודער.

טרא־טא־טא, עפעס האָט א כליפע געטאָנ אינ דער פינצטערניש. דאָס וואסער האָט אזש א פליוכע געטאָנ צומ ברעג, האָבנ זיי זיכ צוגעהערט אָנגעשטרענגט, ארטשיק איז צומ ברעג צוגעקראָכנ. א בליצ האָט א שניט געטאָנ די פינצטערניש. ער האָט באמערקט א שמאָל שיפל, וואָס האָט זיכ אפנ ברעג געוואָלט ארופכאפנ, נאָר די וועלנ

האָבן עס צוריק אָפּגעוואָרפן. פון מיטן טײַך האָבן זיך נאָך שיפלעך באַוויזן, זײַ האָבן געיאָגט דאָס איינציקע שיפל. טראַ־טאַ־טאַ האָבן זייערע יאָגנדיקע קוילן געשניטן, עס האָט זיך געפילט, אַז עמעצער איז אַפּן ברעג אַרויף. אָט נאָך און נאָך מענטשן. אַ לאַמטערנדל האָט די פינצטערניש געלעקט. עס האָט געקרעכצט אַ פרוי, אַ מענעריש קאָל האָט געזידלט:

— אהא, דו נישטיקע, ווּעסט לויפן צו די רויטע?

— צווישן זיך צעהריזשעט,—האָט נאָכעם אײַנגערוימט אַרטשיקן.—דו ביסט גרייט, אַרטשיק,—פון הינטערן בוים וועלן מיר זיי דערלאַנגען. אַרטשיקן האָבן אין קאָפּ די האָר אַ ביסעלע געשטאָכן, אָבער אין גוף זודיקער פיבער, ווי פאַר יעדער געפאַר, וואָס אים איז אויסגעקומען דורכמאַכן.

טראַ־טאַ—אַ זאַלפּ האָבן צוויי ביקסן דערלאַנגט, טראַ־טאַ—אַ צווייטער, אהא, אַ צעשראָקענער געשריי. אַ שאָס, אַ צווייטער, אַ דריטער. אין אומאָרדענונג.—דערלאַנג נאָך איינעם. אַ זאַלפּ אין אַ שיפל. אַ צווייטער האָט אַ כליאַפּע געטאָן אין טײַך. די לאַמטערן אויסגעלאָשן, אַ יאָמער, אַ קרעכץ. איצטער האָבן זיי שוין דערלאַנגט אין טײַך אַרײַן. פון דאָרט האָט מען געענטפערט, פון ברעג האָט זיך געטראָגן אַ פרויען-קרעכצן, אַ מענערשער געיאָמער און אַלץ אַרום איז פאַרשטומט געוואָרן. וויפל האָט עס געדויערט? טאָג האָט שוין געבלויט, געשאַריעט, דער הימל האָט זיך געלויטערט, אַ ברעג פון אַ זוניקן פאַרהאַנג מיט שטאָל באַזוימט. אין נעפּל האָבן זיך באַמערקט רײַטער אַרטשיק האָט פלינק אַפּן בוים אַרופגעקלעטערט, אַ קוק געטאָן אין בינאָקל און אויסגערופן:

— אונדזערע רײַטער, זיי זוכן אונדז.

אינגיכן זײַנען שוין די רויטע דאָ געווען. דער אָטריאַד איז דאָ ניט ווײַט געשטאַנען. איצטער האָט מען געקאָנט א קוק טאָן, וואָס פון הינטן ארום טוט זיך. אין טײַך האָט זיך געפליוכעט אַן איבערגעקערט שיפל מיט בלוט־פלעקן ארום באַם ברעג איז געלעגן א מאַן אין א פײַן פעלצל מיט בלוי־ברייטע פלודערן. א פרוי, א פארבלוטיקטע האָט געגויסעסט. ארטשיק האָט זיך איבער איר איבערגעבויגן און אין איר טויט פּאָנעם דערקאָנט האפקע לאָבאַדאַ. און צוויי מאַנצבלשע קאָסאָקעס אויגן האָבן זיך אין די זײַטן צעוואָרפן, צוגעוווּנקען צו ארטשיקן און שטיל ארויסגע־מורמלט א קאָסאָקן מורמל.

— א, יאַט, דערקאָנסט ניט שימעלע באָסאַטע?

נאָכעם האָט א פור אָפּגעשטעלט, א פויערשע פור, ארופגעלייגט דאָס פּאָרל און באַפוילן אָפּפירן אין אָרטי־קער טשעקאַ.

Цена 60 к.

פּרייז 60 ק.



Ю. ИОФФЕ

# АРЧИК БРУН

Изд-во „Эмес", Москва, Старопанский пер. 1